יחזקאל קארנהענדלער

# דער טויט פון ייִשו

# אין... פוילן

פארלאג „אויפגאנג“, פאריז.
1946

שוין דערשינען פון זעלבן מחבר :

1. ווהין פירט אונדז י. ל. פרץ.
2. אלט־פאריז.
3. א קול אין מדבר.
4. פרויען.
5. נאפאלעאנס בריוו צו מאריע־לואיזע.

גרייט זיך צו דערשיינען :

בריוו פון לעקטור. (פיר יאר נאצי־הערשאפט אין פראנקרייך).

*Ch. KORENCHANDLER*

La Mort de Jesus en... Pologne



מיט בריוו און באשטעלונגען, זיך ווענדן :

Ch. Korenchandler *10, Cite Popincourt, PARIS XI. France*

אין פוילן, אין דער אמאליקער הויפטשטאט קראקע, געפינט זיך א זייער אריגינעלע קירכע פון פערצנטן יארהונדערט, וואס טראגט דעם נאמען פון דער הייליקער מאריע. אין דעם טעמפל, געפינען זיך א ריי סקולפטור־ווערק פון גרויסן פוילישן קינסטלער  ווי ט  ס ט וו א ש, (געלעבט אין זעכצנטן יארהונדערט) און צווישן זיינע ווערק, באוונדערט מען דארט אויך א פרעכטיקן קרוציפיקס.

אין יאר 1934, האט דאס אפיציעלע פוילן געפייערט דעם פירהונדערט־יעריקן אנדענק פון דעם קינסטלער. אין שיכות מיט דעם יובילייט, האט די פוילישע מלוכה־פאסט ארויסגעגעבן מערערע אויפלאגעס פאסט־קארטלעך, מיט רעפראדוקציעס פון וויט סטוואשס ווערק; אזוי ארום זיינען מיליאנען פוילישע פאסט־קארטלעך אנגעקומען אין אלע עקן וועלט, פאפולאריזירנדיק צווישן אלע פעלקער דעם נאמען פון זייער גרויסן קינסט־לער און זיינע ווערק; דעמאלט איז אין מיין האנט אריינגעקומען א קארטל מיט סטוואשס בארימטן קרוציפיקס.

אז כ׳האב געקוקט אויף דעם פארמאטערטן פנים פון ישו אויפן צלם, האב איך געזען דאס פנים פון א ליידנדיקן ייד, און ס׳איז מיר נישט מעגלעך געווען, נישט צו טראכטן וועגן גורל פון מיינע ברידער אין יענעם לאנד, וואס זיינען אין דער זעלבער צייט, בעתן פייערן דעם באזיץ פון אזעלכע פרעכטיקע קריסטוס ווערק, געווען דארט פארפאלגט אויף דעם סאמען שווערסטן אופן: גזרות, באליידיקונגען און פאגראמען.

די דאזיקע געדאנקען האבן גורם געווען דאס אנשרייבן „דעם טויט פון ישו אין . . . פוילן".

אין פארגאנגענעם יארהונדערט האבן די בעסטע פוילישע זין מיט מיצקעוויטשן אין דער שפיץ, געחלומט און געגלויבט, אז דאס באפרייטע פוילן וועט זיין א מוסטער פאר דער וועלט מיט איר מענטשלעכקייט און יושר און אז אין יאר 1918 האט די שעה פון דער באפרייאונג אויסגע־שלאגן, איז פוילן געווען פונקט דער היפוך פון דעם חלום.

אין 1939 איז דאָס פאַשיסטיש־רעאַקציאָנערע און פאַר אונדז, שטיפמוטערישע פוילן, צעשמעטערט געוואָרן; ס'האָט טייער באַצאָלט פאַר אירע אומגערעכטע מעשים. אַ נײַ פוילן הייבט זיך איצט אויף פון די חורבות וואָס די וועלט־מלחמה האָט דאָרט איבערגעלאָזט. אַ נײַ, אַ פרײַ פוילן, אָבער ... אָן יידן, כמעט אָן יידן, וואָס זיינע אַזוי רוצחיש אומגעברענגט געוואָרן דורך די נאַצים, מיט דער הילף פון גרויסע מאַסן פון פוילישן פאָלק, וואָס — פאַרסמט פון אַנטיסעמיטישן שגעון, — האָבן זיי געלויערט איבער די וועגן און פעלדער פון פוילן־לאַנד, אויפגעכאַפּט פאַרצווייפלטע יידן וואָס האָבן פּרובירט זיך ראַטעווען, און מאַסנהאַפט זיי איבערגעגעבן אין די נאַצי־הענט כדי צו באַקומען פאַר זיי אַ פאַר זילבער־שטיקלעך ...

זאָל די נאָכקומענדיקע דערציילונג זיין אַ דענקמאָל, וואָס דאָס פוילן פון 1918־1939 האָט זיך פאַרדינט.

דער מחבר

פאַריז, יאַנואַר 1946.



קרוציפיקס פון וויט־שטוואָש

ס'איז געווען נאַכט.

גערדיכטע, שוואַרצע וואָלקנס האָבן באַדעקט דעם הימל און פאַרבאַהאַלטן די שטערן, פון די שטאָט איינוווינער.

די קירכע פון דער הייליקער מאַריע אין קראָקע איז שוין לאַנג געווען געשלאָסן און פאַרזונקען אין פינצטערניש.

בייטאָג קומען דאָרט גלייביקע אויסגיסן זייערע הערצער פאַר גאָט, צינדן אָן ליכט פאַר דער הייליקער מאַריע, און בעטן קניענדיק פאַר ישו פון סטוואָשן, וואָס קוקט אַראָפּ פון קרייץ מיט זיין מאַרטירער־פּנים. זיי גלויבן, אַז דער דערלייזער האָט דערהערט זייער געבעט און גייען אַוועק באַרואיקטע, אַ־יינוואַרפנדיק עטלעכע גראָשן אין די קעסטלעך וואָס זענען צעהאָנגען איבער דער קירכע.

טיילמאָל קומען דאָרט חופּות פאָר, שפּילט דער אָרגל נשמהדיק־זיס; טיילמאָל לויות, קלינגט דער גלאָק אין טורם און דערמאָנט די מענטשן אין „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר". דערנאָך ענדיקט זיך דער טאָג.

רוימט מען אויף גאָטס הויז, מען רייניקט עס אָפּ פון שטויב וואָס די מענטשן פאַרטראָגן אַהין. ס'צלמען זיך די וועכטער פאַר דער הייליקער מאַ־יע, פאַרן געשטאַלט פון ישו. ס'ווערן די לעצטע ליכט פאַרלאָשן, די טירן פאַרמאַכט און אַלץ פאַרזונקט אין טונקלקייט.

אַזוי אַלע נעכט.

נאָר אַנדערש איז עס געווען אין אַ נאַכט פון יאָר 1918.

ווי נאָר ס'האָבן זיך געשלאָסן די טירן פון דער קירכע און אַלץ איז פאַרזונקען אין פינצטערניש, אין טויטלעכער שטילקייט, האָט זיך דערהע־ט אַ שטים וויינען ביי די פיס פון דערלייזער. תחילת שטיל, ווי אַ ווייטער פידל, איז דאָס געוויין געוואָרן אַלץ דייטלעכער און העכער און אָנגעפילט מיט זיך אַלע ווינקעלעך פון גאָטס הויז. אָנגעקלונגען ביי אַלע צדיקים אין הייליקע, וואָס האָבן אַראָפּגעשיינט פון די מויערן און וויטראַזשן, אָנגעקלונגען ביי דער הייליקער מאַריע אין דערנאָך האָבן זיך די קלאַנגען געצויגן צו ישון צו און זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זילבערנעם נעפל וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אַרום ק־וציפיקס.

— ישו, — האָט די שטים געוויינט — גאָטס זון, הערסטו מיין קול?

דערקענסטו די שטים מיינע ? ציטערסטו נישט אויף ביי מיין רוף ? ביזט דער זון פון גאָט, ביזט אָבער אויך מיין קינד, דאָס שענסטע קינד מיינס. האָב איך מיך דען נישט אָפּגעזאָגט פון אַלע ערדישע פריידן ,ווידמענדיק זיך דיין באַשאַף ? מיין לייב האָט איינגעדאַרט, מיין בלוט האָט איינ־געטריקנט פון אָנשטרענגונג ביז דו ביזט אַרויסגעקומען אַזוי ווונדערלעך. ס'איז דאָך גענוג אַויף דיר אַ קוק צו טאָן, כדי צו דערפילן די ליידן וואָס דו האָסט איבערגעטראָגן וועלנדיק ראַטעווען די מענטשהייט פון אירע זינד, ישו געקרייצטער, דאָס בין איך, וויט סטוואָש, דיין שקלאַף, דיין דינער, דיין באַשעפער !

אויף אַ ווײַלע איז שטיל געוואָרן. אונטן, ערגעץ ביי די פיס פון געקרייציקטן ישו, האָט די שטים שטיל געוויינט.

— שווייגסט ישו ? קען דאָס זיין, אַז דו דערקענסט מיך נישט ? — האָט די שטים ווידעראַמאָל אָנגעהויבן — קען דאָס מעגלעך זיין, זאָלסט מיך האָבן פאַרגעסן פאַר די עטלעכע הונדערט יאָר וואָס זיינען פאַרביי, בעת מיר האָבן זיך צוזאַמען אויפגעהויבן און צוזאַמען זיך געלייגט, אין יענע ערדישע טעג מיינע, וואָס זיינען פול געווען נאָר מיט דיר, מיט דיין תחית־המתיים אויפשטיין אונטער מיינע הענט, — קען דאָס מעגלעך זיין ?

די שטים איז ווידער אַמאָל שטיל געבליבן, ווי געוואַרט אויף אַ ענטפער.

— דאָס ביזטו, וויט, מיין קינסטלער ? — האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אין דער שטילקייט אַ שוואַך ליידנדיק קול פון ק־וציפיקס אַראָפּ.

— איך וויט, — האָט די שטים פון אונטן אַ צאַפּל געטאָן — איך, דיין קינסטלער, הייליקער זון !

אַ ווײַלע איז ווידער שטיל געוואָרן.

— וויט, מיין קינסטלער, — האָט זיך ווידער געטראָגן דאָס שוואַכע קול פון קרוציפיקס אַראָפּ, — וואָס וויינסטו אַזוי יאָמערלעך ביי מיינע פיס ? וואָס פעלט דיר דען ? זיצטו דען נישט אין גן־עדן, צווישן אַלע צדיקים און הייליקע אַלס באַלוינונג פאַר דעם באַשאַפן מיך ? זעסטו דען נישט יעדן טאָג די שטראַלנדיקע ליכטיקייט פון אונדזער האַר ? ווי קען דאָס זיין, אַז געניסנדיק פון אַזוי פיל גליק, קומסטו וויינען פאַר דעם געשטאַלט מיינעם ?

— אמת, אמת, הייליקער זון, — האָט זיך די שטים פון וויטן ווידער געלאָזט הערן, — דאָס גליק וואָס כ'פיל אין הימל איז טאַקע גרויס, זייער גרויס, אַזוי, אַז כ'האָב פאַרגעסן פאַרבירט אין דער זינדיקער ערד, פון וואַנען ס'פלעגט זיך צו אונדז אָפּט דערטראָגן מיליאָנען דיך לויבנדיקע שטימען, אָרגל־מוזיק פון דיינע טעמפּלען, אָפּשיין פון וועלדער ליכט,

אָנגעצונדענע פאַר דיינעטוועגן. כ'האָב געוווסט, אַז אויף דער ערד איז נאָך נישט אַלץ ווי דו האָסט געלערנט, אַז די מענטשהייט זינקט נאָך גענוג אין עבירות, אָבער דאָס וואָס האָט מיך אַהערגעבראַנגט צו דיינע פיס, איז אַזוי שרעקלעך, אַזוי שרעקלעך . . .

טרערן האָבן ווי געשטיקט וויטס שטים, אַז ער האָט נישט געקענט פאַרזעצן.

— וואָס איז, מיין קינסטלער ? — האָט די פאַרזאָרגטע שטים אַראָפּ־געפרעגט פון קרוציפיקס.

— ישו, אין די איצטיקע טעג, ווען ס'ב־עכן זיך די קייטן פון פוילישן פאָלק, וואָס ווערט ענדלעך פריי פון דער הונדערט־יעריקער אונטע־דריי־קונג, איצט, ווען דאָס פוילישע פאָלק דאַרף זיין איבערפילט מיט דער העכסטער דאַנקבאַרקייט צו גאָט אונדזער האַר ,פאַר דעם גערעכטן פסק זיינעם, אין דעם מאָמענט, פייניקן מיינע ברידער־קריסטן און פאַגיסן בלוט פון אומשולדיקע יידן ! וויי, וויי, — האָט די שטים פון אונטן געיאָמערט, — פוילנס זעלבסטשטענדיקייט האָט זיך אָנגעהויבן מיט פאַרגיסן אומשולדיק בלוט ! צו ווייסטו ישו ,אַז נישט ווייט פון דאַנעו, קומט פאַר אַ פּאָגראָם אאוי יידן, אויף די קינדער פון משיח־פאָלק ? אַז מען צינדט אונטער יידישע הייזער און מען לאָזט קיינעם זיך נישט אַרויסראַטעווען פון דאָרט, צו ווייסטו עס, ישו ? — האָט די שטים פון אונטן געדונערט, גלייך ווי אויבן וואָלט געווען דער שקלאַף און אונטן דער האַר.

— כ'ווייס, — האָט אַ צעבראָכענע, וויטיקפולע שטים אָפּגעענטפערט.

— דו ווייסט ! דו ווייסט ! — האָט די שטים פון אונטן אויפגעריסן מיט נאָך מער קראַפט. — דו ווייסט און דערלאָזט עס ? דו ווייסט און שווייגסט, בעת דאָרט קומען אום זקנים און קליינע קינדערלעך, וואָס זייער איינציקע זינד איז, דאָס געהערן צו אַ פאָלק וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט דעם סוד פון איין־איינציקן גאָט, אונדזער האַ־ ? וויי, וויי, — האָט די שטים, ווי זיך געוואַלגערט אויף דעם שטיינערנעם באָדן, — די וועלט גייט אונטער ! ישו, האָסט דען נישט געלערנט „האָב ליב דעם נאָענטן ווי זיך אַליין” ? האָסט דען נישט גע־פּ־עדיקט : „נישט הרגענען” ? איז דען דיין לעבן נישט געווען אַ וווּנדערלעך ליד וועגן יושר ? ביזט דען נישט דער סימבאָל פון דער העכסטער גערעכטיקייט און מענטשן־ליבע, ווי איך האָב דיך דערקענט און אַזוי ווידערבאַשאַפן ? און דו שווייגסט ? דערלאָזט נישט ווייט פון דאַנען אַ פּאָגראָם אויף יידן ? ! . . . וויי, וויי, — האָט די שטים יאָמערלעך געזיפצט און מיט אַמאָל זיך איבערגעריסן.

— ווי, ווי, — האָט עס אָפּגעהילכט אין אַלע ווינקעלעך פון דער קירכע און אַלץ איז פאַרזונקען געוואָרן אין אַ טויטלעכער שטילקייט.

דער גרויער נעפּל אַרום קרוציפיקס איז נאָך געדיכטער געוואָרן, די שטילקייט נאָך טיפער. מיט שרעק האָבן די אַ־ומיקע צדיקים אַראָפּגעקוקט אויף דער פון נעפּל בלוילעכער געשטאַלט פון דערלייזער אויפן קרייץ, און געזען ווי זיינע אויגן שליסן זיך. אַ ציטער איז דורך די אברים זיינע און אָפּגעשטאָרבן ביי די ערטער וווּ ר'איז געווען צוגענאַגלט. פון אונטער די נעגל האָבן זיך באַוויזן טראָפּנס בלוט.

דאָס געשטאַלט פון דערלייזער האָט ווי געוואַרט אויף דעם וויטערדיקן קול פון אונטן, נאָר אַז ס'זיינען פאַרביי מערערע מינוטן פון טויט־שטילקייט און די שטים האָט זיך שוין מער נישט געהערט, האָבן זיך זיינע אויגן לאַנגזאַם צעעפנט און זיין קאָפּ, באַלאַדנט מיטן שווערן דערנער־קראַנץ האָט זיך קוים קוים באַוועגן און זיך ענדלעך פאַ־יסן אויף אַרויף.

זיין בליק האָט דורכגעדרונגען די מויערן און געזען דעם פאַרוואָלקנטן הימל. די טונקלקייט איז געווען אַזוי געדיכט, אַז ער האָט גאָרנישט ,גאָר־נישט נישט געקענט דערבליקן הינטע־ איר.

די קנייטשן אויף דעם דערלייזערס שטערן זיינען נאָך טיפער געוואָרן, דער ווייטיקלעכער אויסדרוק זיינער נאָך שאַרפער.

— האַר, — האָט זיך געטראָגן פון קרוציפיקס — אַלמעכטיקער פאָטע־, האָסט געהערט ?

לענגער האָט ער זיין קאָפּ נישט געקענט אַרויפהאַלטן.; דער דערנער־קראַנץ איז געווען אַזוי שווער און ער אַליין אַזוי מיד . . . אַזוי מיד . . .

— כ'האָב געהערט — האָט זיך פּלוצים דע־טראָגן אַ שטילער שעפּט פון אויבן — כ'האָב געהערט, מיין זון.

אַ ציטער איז דורך דעם דערלייזערס געשטאַלט. קוים, קוים, אַז ער האָט ווידער אַמאָל פאַררִיסן זיין קאָפּ אין דער הויך.

— האָסט געהערט, האָסט געהערט ! — האָט ישו אויסגעקרעכצט — און וואָס ענטפערסטו דע־רויף, האַר אין הימל ? האַר איבער אַלע וועלטן ! האָסט מיך געשיקט אַמאָל אויסלייזן די וועלט, האָבן די מענטשן מיין שליחות פאַרהייליקט און מיין לערע פאַרקריפּלט ; וואָס רעכנסטו, פאָטער מיינער, צו טאָן, כדי אַ סוף צו מאַכן צו דער הערשאַפט פון שלעכטן און נישט־גערעכטן אויף דער ערד ?

די שטים פון אויבן האָט געזוימט מיט אי־ ענטפער. די פינצטערניש אין דער הויך איז נאָך געדיכטער, שווייגנדיקער געוואָרן . . .

— פאַרוואָס שווייגסטו, אַלמעכטיקער פאָטער ? פאַרוואָס באַ־האַלטסטו דיין שטראַלנדיקע ליכט פאַר די מידע אויגן מיינע ? — האָט

דער דערלייזער זיך געבעטן — פאַרוואָס בלייבט נישט פאַרענטפערט מיין פראַגע צוליב וועלכע כ'האָב געבלוטיקט אויפן קרייץ ? פאַרוואָס, אַל־מעכטיקער ?

און ווידער האָט זיך פון דער הויך, דערטראָגן אַ שעפּט :

— זון מיינער, געדענק אַז דו ביזט באַשטימט געוואָרן אויסצופירן מיינס אַ שליחות, פאַר וועלכער האָסט פאַרדינט אייביקן רום. דיין שליחות איז געענדיקט. נישט מאָן ביי מיר מער. מיינע מעשים קאָנען דורך קיינעם נישט געמשפּט ווערן. זיי געלויבט אין דיינע לײדן — האָט דער שעפּט צוגעטראָגן און זיך שוין מער נישט געהערט.

— פאָטער, פאָטער אין הימל — האָט דער דערלייזער אויסגערופן, און זיין געשטאַלט האָט אַ צאַפּל געטאָן. — איך קאָן נישט מער מיטמאַכן דעם וועג וואָס דו האָסט פאַר מיר באַשטימט, כ'קאָן נישט און כ'וויל נישט, כ' וו י ל נ י ש ט, — האָט די שטים פון ישו נאָכאַמאָל באַשטעטיקט, — האָסט מיך געשיקט אויסלייזן די וועלט, כ'האָב עס דערפילט, כ'בין געגאַנגען ; האָסט מיך ווי יעדן שטערבלעכן באַשאַפן, מיך אונטערגעוואָרפן אַלע לײדן פון פּיין און טויט, כ'האָב עס אויפגענומען מיט ליבשאַפט. געדענק, מיין האַר, ווי אין מיין מענטשלעכער געשטאַלט, האָב איך אין אַ בלוטיקן שווייס ביי דיר געבעטן : „אויב ס'איז מעגלעך, זאָל מיך אויסמיידן דער דאָזיקער טראָפּן", נאָר דיין ווילן איז געשען : כ'בין געשטאָרבן אויפן קרייץ מיט אַ ברכה פאַר מיינע אומבאַ־ענגער. מען האָט מיך אַ געקרייציקטן פאַרהייליקט און צעהאָנגען איבער אַלע ווענט פון דער וועלט. טעמפּלען וואונדערלעכע האָט מען פאַר מיינעטוועגן אויפגעבויט. די גרעסטע קינסטלער האָבן מיינע לײדן מיט אייל־פאַרבן געמאָלט, אין שטיין אויסגעהאַקט, אין שריפט באַשריבן, אין לידער באַזונגען, און אַ ל ץ א י ז ו ו י פ ר י ע ר פ א ר ב ל י ב ן. די וועלט איז פול מיט עולה, און דאָס אַלץ געשעט מיט מיין נאָמען אויף די ליפּן. אין מיין נאָמען האָבן די קרייץ־טרעגער טייכן בלוט פאַרגאָסן, אין מיין נאָמען האָבן די פּ־אָטעסטאַנגן און קאַטאָליקן זיך אויסגעשאָכטן, אין מיין נאָמען האָט מען די אינקוויזיציע געשאַפן, מענטשן אויף שייטערהויפנס געברענט, גענוג ! מיין שליחות איז געווען אומזיסט. האַר אין הימל, באַפריי מיך פון קרייץ ! בינד אויף מיינע הענט, גיב צוריק אַריין לעבנס־כוחות אין מיינע פאַרשטאַרטע גלידער. נישט ווייט פון דאַנען קומט איצט פאַר אַ פּאָגראָם. קריסטן־קינדער פאַרגיסן בלוט, אומשולדיק יידיש בלוט ! כ'וויל זיי ראַטעווען. פריער בין איך געגאַנגען, ווייל דו האָסט געוואָלט, איצט וויל א י ך ! באַפריי מיך פון קרייץ, באַפריי מיך פון קרייץ, באַפריי, באַפריי, — האָט

ישום שטים זיך געבעטן, געוואָרן אַלץ שוואַכער, שוואַכער און לסוף שטיל געבליבן.

אַ בליץ האָט באַלויכטן די שטאָט און אויף אַ רגע ליכטיק געמאַכט אין דער קירכע. באַלד דערנאָך האָט עס אַ מוראדיקן דונער געטאָן. פון דער שטאָט האָט זיך געטראָגן אַ קלאַנג פון אויסגעהאַקטע שויבן. אויך אין דער קירכע פון דער הייליקער מאַריע האָט זיך אַ גרויסער וויטראַזש צעשמעטערט און אַראָפּגעשאָטן מיט אַ טומל. אויפגעוואַכטע איינוווינער האָבן זיך פרום איבערגעצלמט:

— אין נאָמען פון גאָט, דעם זון און הייליקן גייסט! — האָבן זייערע ליפן דערשראָקן געמורמלט און זיך טיפער איינגעגראָבן אין זייערע געלעגערס.

אַ ווילדער רעגן האָט זיך מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזט איבער דער שטאָט, געגאָסן מיט כעס, געקלאַפּט איבער די שלאָפנדיקע גאַסן און דעכער, געפּויקט אין די שויבן פון די פענסטער. דורך דעם אויסגעהאַקטן וויטראַזש פון דער קירכע האָט זיך דער רעגן שטראָמיק אַריינגעגאָסן און פאַלנדיק אויף דעם שטיינערנעם באָדן, גרוילעך אָפּגעהילכט איבער די רוימען.

ס'איז געשען!

דאָס געשטאַלט פון דערלייזער אויפן קרייץ, דאָס וווּנדערלעכע ווערק פון וויט סטוואָש, האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט פריי פון צלם, פריי פון די נעגל וואָס האָבן אים יאָרהונדערטער לאַנג געהאַלטן צוגעשמידט. הייסע, בלוטיקע טרערן זענען געפלאָסן איבער זיין פנים.

— ענדלעך! — האָט ער אויסגעשטאַמלט, — ענדלעך! וויט, מיין קינסטלער, דו זעסט? כ'בין פריי, כ'גיי נאָכאַמאָל אַראָפּ אויף דער וועלט, כ'גיי אָפּשטעלן דעם פּאָגראָם, כ'גיי ראַטעווען אומשולדיקע, דו זעסט וויט? דו זעסט?

אַלס ענטפער, האָט ער געהערט דעם אימפּעט פונם רעגן, וואָס האָט אומרחמנותדיק זיך געטראָגן איבער דער שטאָט.

דורך דעם אָפענעם פענסטער איז ישו אַרויס פון דער קירכע און מיט פאַרמאַכטע אויגן געגאַנגען אונטערן רעגן, געפירט דורך אַן אינערלעכן כוח דאָרט אַהין, ווו מענטשן האָבן געליטן, ווו פאַרצווייפלטע יידן האָבן געבעטן הילף. נאָר וואָס לענגער ער איז געגאַנגען, אַלץ מער האָט ער גענומען פילן דעם גוף זיינעם, וואָס האָט פון מינוט צו מינוט אָנגעהויבן ווידער לעבן ווי אַ שטערבלעכער. לאַנגזאַם האָט ער אָנגעהויבן פילן אַן אויסערגעוויינלעכע ווייטיק פון זיינע ווונדן אויף די הענט אין פיס, אַ חוץ אַלע זיינע אברים וואָס האָבן געבראָכן און געבעטן רו. דער רעגן האָט ווילד געשמיסן איבער זיין נאַקעט לייב. פון זיינע לאַנגע האָר און פון די

שמאטעס אויף זיינע לענדן האט דאס וואסער געשטראמט אויף זיינע צעוויי טיקטע פיס, וואס האבן אים שוין איצט קוים געטראגן. ער האט אנגעהויבן פילן קעלט וואס האט אים אלץ מער באהערשט. ס׳האט אים געשווינדערט. איין צאן האט געקלאפט אין אנדערן, ער האט געהאט א געפיל, אז אט אט פאלט ער אנידער. ער האט זיך קוים דער־שלעפט צו א הייזל וואס ער איז עס שיעור נישט פארבייגעגאנגען אין דער פינצטער, און צופאלנדיק צו דער טיר, האט ער געבעטן:

— עפנט אויף, עפנט אויף!

ער איז אבער געווען צו שוואך און איבערפילט מיט ווייטיק אין אלע זיינע גלידער, אז זיינע ליפן האבן זיך קוים באוויזן ארויסצוברענגען א שטילן קרעכץ. ער האט זיך נאך אמאל אנגעשטרענגט ארויסצוברענגען א קלאנג און געזען אז ס׳איז אומזיסט. דער גערויש פון רעגן האט לייבט פארהילכט זיין שעפט. ר׳האט פרובירט אנקלאפן אין דער טיר פון הייזל, נאר זיין האנט האט שוין נישט געפאלגט. מער האט ער נישט גע־קאנט אויסהאלטן. אין זיין הייסן קאפ האט זיך אנגעהויבן מישן, און ער האט געפילט אז ער פאלט אין חלשות אויף א שטיגל ביי דער טיר

אויפגעוועקט האט ער זיך פון א שארפן שטאך וואס ער האט דער־פילט אין זיין פנים. ער האט לאנגזאם געעפנט די פארקלעפטע, צע־היצטע אויגן און זיך ארומגעקוקט.

ס׳איז געווען טאג ,פינצטער־ע, טריבע וואלקנס זיינען געהאנגען איבערן הימל. גרויסע קאלוזשעס וואסער און דע״ צעווייקטער וועג האבן דערמאנט אין דעם רעגן, וואס האט א גאנצע נאכט געגאסן. פון די קליינע הייזלעך ארום האט נאך געטריפט דאס רעגן־וואסער.

א רעדל קינדער האבן אים ארומגערינגלט, געצופט זיין באָרד ביז בלוט און הארציק געלאכט:

— זעט נאר, ווי דער ייד קרומט זיך! — איז איינס פון די קינדער־אפגעשפרונגען פון ישו, האלטנדיק אין דער האנט פריש אויסגעריסענע האר פון זיין באָרד.

— קרעציקער ייד! — האט א צווייטער אים צוגעווארפן, דע־נענ־טערנדיק זיך צו אים מיט דער זעלבער קונה.

— ביילים! — האט א יינגל זיך מיט אים גערייצט.

— ציבעלע עסער! — האט נאך איינער אויסגערופן, און זעענדיק זיין אומבאהאלפנקייט, איז ער צו אים צו גאנץ נאענט ,אים באשפיגן און אים געקראכן מיט די פינגער אין די אויגן אריין.

ישו האט געפילט, אז זיין הארץ ווער־ט פארגאסן מיט בלוט. ער האט געוואלט אויסציען זיינע הענט צו די אומשולדיקע קינדערלעך, זיי

אַ גלעט טאָן, כדי זיי זאָלן מיט איינמאָל דערפילן דעם כוח פון גוטסקייט און פאַרשטייִן זייער נישט גערעכטיקייט. ער האָט געוואָלט צו זיי ריידן מיט דער שטים זיינער וואָס פלעגט אַמאָל כישופן מענטשן, נאָר די קינדערלעך זענען אָפּגעשפּרונגען פון אים ביי דער מינדעסטער באַוועגונג און אָנשטאָט רייד האָבן זיך פון זיין האַלדז אַרויסגעריסן דערשטיקטע אומקלאָרע קלאַנגען.

— הערט נאָר ווי ער בילט, — האָט איינער פון די קונדסים געלאַכט, און אַלע מיט אים.

די טיר, ביי וועלכער ישו איז געזעסן אויפן טרעפּל האָט זיך האַסטיק אָן עפן געטאָן און אים אַראָפּגעשליידערט אין אַ קאַלוזשע וואַסער, אָפּ־שפּריצנדיק די קינדער.

— פאַרשאָלטענער ייד ! — האָבן אים איניקע צוגעוואָרפן.

ישו איז געבליבן ליגן אין דער קאַלוזשע און זיך נישט געקאָנט קיין ריר טאָן.

— גוט אַזוי אויף אים ! — האָבן עטלעכע אָנגעקומענע, דערוואַקסענע פאַרבייגייער, צופרידן באַשטעטיקט.

פון הינטער דער צעעפנטער טיר האָט זיך באַוויזן אַ פויערטע, און צעלאַכנדיק זיך ביים אָנבליק פון ישוס פרווו זיך אויפצושטעלן, אים באַפאַלן :

— אַוועק צו אַלדי כאָלערעס פון מיין טיר ! זיך אויסגעזוכט אַ געלעגער . . .פאַרשיווער ייד.

ישו האָט זיך קוים אויפגעשטעלט.

„פאָטער אין הימל !" — האָט ער געטראַכט. — „אַזוי באַגייט מען זיך מיט מיר, נאָכדעם ווי די מענטשן האָבן אַזוי פיל יאָרהונדערטער לאַנג מיין לערע געלערנט".

זיין קאָפּ איז געווען שווער און דערהיצט, ער איז געווען פול מיט ווייטיק און געפילט אַ נעפּל אין זיין מוח.

ער האָט אָנגעהויבן גיין, ווי אַ שיכור זיך געשלעפּט, באַגלייט פון אומאויפהערלעכע הילכיקע געלעכטערס און שטויסן וואָס האָבן אָנגע־האַלטן ביז אַרויס פון שטעטל.

ערשט דאָרט איז ער ווידער געבליבן אַליין.

דער וועג, איבער וועלכן ער איז געגאַנגען איז געווען פּוסט און טויט. פינצטערע רעגנפולע וואָלקנס זיינען געהאַנגען איבערן הימל און פון צייט צו צייט זיינען געפאַלן טראָפּנס. ער האָט געטראַכט וועגן דעם גרויסן כוח וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט און וועגן זיין איצטיקער הילפלאָזיקייט, וועגן זיין טרויעריקער אומבאַהאָלפענער עלטער.

א ווענעלע איז אים אנטקעגן געקומען מיט אייניקע יידן, וואס זיינען דארט געזעסן אויף פעקלקעך, קישנס, וועש און אנדערע שטוב־זאכן. א קול פון א יידענע האט פון דארט ארויסגעוויינט:

— ווי איז מיר און ווינד! די ליכטיקע אויגן האבן זיי אים אויס־געשטאכן, זיין ווייס לייב צעשניטן מיט מעסערס. ווי דער מאמעס אויגן, וואס האבן דאס צוגעזען! ווי צו מיר, וואס כ'האב אים אויף דער וועלט געברענגט!

דערזעענדיק ישון, האבן זיי אפגעשטעלט דאס ווענעלע און געקוקט אויף דעם צעבראכענעם מענטשן וואס האט קוים קוים געשלעפט זיינע פיס. אויף זייערע נערוועז־צעשראקענע פנימער, האט ער איבערגעלייענט א פראגע: וואהין?

ער האט נישט געקאנט ענטפערן. ער האט בלויז אויפגעהויבן א האנט צו ווייזן, אז ער גייט אהין פון וואנען זיי קומען.

— ווי גאט איז אייך ליב, — האבן זיך די יידן ביי אים געבעטן, — ראטעוועט אייך! גייט נישט אהין, די רוצחים וועלן אייך הרגענען... מ'שעכט דארט יידישע קינדער!

און ווידער האט פון ווענעלע ארויסגעוויינט די שטים:

— די אויגן האבן זיי אים אויסגעשטאכן... דאס לייב צעשניטן... ווי דער מאמען וואס האט דאס געזען, ווי צו מיר וואס כ'האב אים אויף דער וועלט געברענגט!

ישו האט טרויעריק געשאקלט מיטן קאפ, און איבערלאזנדיק די יידן, זיך געלאזט ווייטער גיין. א ווײַלע האבן זיי אים נאכגעקוקט. דערנאך האט איינער ארויסגעכאפט פון ווענעלע א קאפעטע און אראפ־שפרונגענדיק, איז ער אים נאכגעלאפן:

— נאט אייך דאס מלבוש, — האט דער ייד זיך געווענדעט צו ישון — דעקט צו דאס לייב, — און ער האט אים געהאלפן עס אנטאן.

ענדלעך האט ישו זיך דערשלעפט צום שטעטל וואהין ער האט גע־אײַלט מיט אלע זיינע כוחות. שוין פון דער ווייטנס האט ער אנגעהויבן באמערקן דעם רויטלעכן אפשיין פין שרפות. ער האט זיך אנגעשטרענגט צו גיין וואס שנעלער, נאר ס'איז געווען אומזיסט. זיין לייב איז אינגאנצן געווען באדעקט מיט שוויים. די ווייטיק וואס ער האט געפילט אין אלע זיינע גלידער איז געווען אומגעהויער. קוים קוים, אז ער האט געזען אויף זיינע אויגן און אין האלדז האט אים אזוי פיינלעך געשטיקט. זיינע פאר־שמאכטע און פון דורשט צעשפאלטענע ליפן האבן געבעטן:

— אדוני, פאטער אין הימל! האב נישט פאראיבל אויף מיין שריט און העלף מיר. העלף מיר ראטעווען די אומגליקלעכע! גיב מיר צוריק

דעם וואונדערלעכן כוח וואָס האָט מיך אַמאָל באַגלייט אויף די פעלדער פון גליל און נצרת, בשעת איך פלעג מיט איין ברויטל ביי הונדערטער דעם הונגער שטילן. קראַנקע געזונט מאַכן. געשטאָרבענע צוריק אויפגעלעבט.

מיט דער דאָזיקער תפילה אויף זיינע ליפּן איז ער אַריין אין שטעטל.

אַ טומל האָט זיך געטראָגן אין דער לופט. הייזלעך זיינען געשטאַנען אָפּן מיט צעבראָכענע טירן און צעשמעטערטע פענסטער. איינציקע הייזלעך האָבן געברענט, באַלויכטנדיק מיט רויטלעך־קופּערנע פאַרבן די צעפלאַמטע און פאַרקרומטע פּנימער פון די פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס זיינען אַריין און אַרויס פון די פּאָגראָמירטע ערטער. זוכנדיק דאָרט נאָך עפּעס וועט־טפּולעס. אין אַטייל שטיבלעך האָבן זיך געוואַלגערט הרוגים, עלטערע יידן מיט גרויע, האַלב־אויסגעפּליקטע, פאַרבלוטיקטע בערד, קינדערלעך מיט צעקלאַפּטע קעפּלעך און אויסגעגאָסענעם מוח. געשענדעטע און דערנאָך אומגעברענגטע פרוין, יונגע און אַלטע. פּויערים האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן, שלעפּנדיק פאַרשידענע צוגערויבטע חפצים, שטיקער מעבל, קוישן אָנגעפּילטע מיט כל טוב. יעדעס מאָל פלעגט ווער־ן אויף דאָס ניי אַ טומל . . . פון ערגעץ ווו האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַ באַהאַלטענעם ייד און איטלעכער האָט געאיילט מיט זיינע פויסטן, מעסערס, אייזנס און דרענגער . . .

ישו איז אַריין אין המון. ער האָט געוואָלט אָנהויבן ריידן, שטראָפן, בעטן, דערמאָנען גאָטס נאָמען, נאָר פון זיין האַלדז האָבן זיך אַרויסגעריסן אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען. ער האָט זשעסטיקולירט מיט זיינע הענט, געטייטלט צום הימל, צוגעלייגט זיין האַנט צום האַרצן, געוויזן אויף די ווונדן פון זיינע הענט און פיס, זיך באַמיט מיט זיינע בליקן אַרויסצורופן ביי זיי דאָס רחמנות־געפיל, געבויגן זיך אין אַלע זייטן, געקרעכצט, געוויינט . . .

אַ רעדל האָט אים אַרומגערינגלט. די באַנדיטן האָבן געקוקט אויף דעם מאָדנעם אויסגעדאַרטן מענטשן מיט דער קאַפּעטע אויף זיין נאַקעטן ליַיב. זיי האָבן געקוקט אויף זיינע הויות, אויף זיין זשעסטיקולירן, אויף זיין פינטלען מיט די אויגן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ ווילד געלעכטער.

— ער איז משוגע, דער ייד ! — האָט איינער אויסגערופן, — ווי גאָט איז מיר ליב, משוגע.

— פון שרעק מן הסתם, — האָט אַן אַנדערער געלאַכט. און אַלע האָבן אונטערגעהאַלטן ווי אַ כאָר, צוגערוקט זיך נאָך נענטער צו ישון און אָנגעהויבן חוזקן איבער אים, צופּן זיין באָרד, אים קנייפּן, אַראָפּגעריסן פון אים די קאַפּעטע, די צודעק פון זיינע לענדן און געטרעטן מיט זייערע

שווערע שטיוול אויף די פינגער פון זיינע באָרוועסע פיס . . .

א פויער איז אונטערגעקומען פון אונטן און אויפהייבנדיק א שווערן אייזן, מיטן גאַנצן כוח, אים אַראָפּגעלאָזט ישון אויפן קאָפּ. ס'האָט זיך געהערט דאָס קנאַקן פון זיין שאַרבן.

באַגיסנדיק זיך מיט בלוט, האָט זיך ישו א וואַקל געטאָן און אומגעפאַלן.

און אַז ער האָט אין איינעם סעקונדן אַ־ום אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם, האָט אַ בליץ צעשפּאָלטן דעם הימל, א בלווילעכע ליכט האָט באַגאָסן די גאַנצע וועלט, און באַלד דערנאָך, האָט עס א מוראָדיקן דונער געטאָן, ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער דונער צעטרייסלט די ערד.

— אין נאָמען פון גאָט, דעם זון און הייליקן גייסט ! — האָבן ישוס מערדער אויסגערופן און זיך פרום איבערגעצלמט . . .

---

אזוי האָט זיך אין א פינצטערער נאַכט פון יאָר 1918, ווען די פוילישע מאַ־טיר־ער־ערד האָט זיך, א דאַנק מיליאָנען יונגע לעבנס, אומגעקומענע אויף די אייראָפּעאישע שלאַכט־פעלדער, באַפרייט פון די בלוטיקע נעגל פון דייטש־עסטרייכישן און רוסישן אָדלער, פאַרענדיקט אין א שטעטל פון גאַליציען, די צווייטע פּראָבע פון קריסטוסנס אַראָפּנידערן צו די מענטשן.

פּאַריז, יוני 1934.

„דער טויט פון ישו אין.... פּוילן” איז געווען פאַרעפנטלעכט דעם 29־טן מערץ 1935, אין דעם יובילעי־נומער פון דער „פרייע אַרבעטער שטימע” אין ניו־יאָרק לכבוד 35 יאָר פון דערשיינען.